זעהר איין שיינע געשיכטע

פאן

# איין גראף

מיט

## דרייא זאהנע

פערפאסט פאן שמעון זעליג ניסענבאום מלאוויטש

## ווילנא

КРЯСИВАЯ ИСТОРІЯ

אִין יָאהְר 1760 הָאט גִיוואוֹתְנְט אִין טִיעֶף אַזְיֶען אֵיין
גְרַאף מִיט דֶעם נָאמִין אַרְקָאן עֶר הָאט גִיהַאט דְרַייא זוּהְן
וֶועלְכֶע עֶר הָאט דִי עֶלְטֶערִי צְוַויי זוּהְן זֶעהְר גִילִיבְּט אוּנ דֶעם
יוּנְגְסְטִין זוּהְן מִיט דֶעם נָאמִין טְרִיטְץ הָאט עֶר זֶעהְר פַייְנְט
גִיהַאט פַאר דֶעם וַוייל עֶר אִיז זֶעהְר ווִילְד גִיוֶועזִין אוּנ הָאט
גָאר נִישְׁט גִיוָואלְט לֶערְנִין קֵיין קֶענְטֶענִים אִיבֶּר דֶעם אִיז עֶר
זֶעהְר אֵיין אוּמְווִיסֶענְדֶער מֶענְטְשׁ גִיוֶועזִין· אֵיין מָאהְל רִיפְּט
דֶער פָּאטֶר אִיהְם צוּ זִיךְ אַרַיין אוּנ זָאגְט צוּ אִיהְם לִיבֶּער זוּהְן
אִיךְ שִׁיק דִיךְ יֶעטְצְט נַאךְ חִינָה כְּדֵי דוּא זָאלְסְט דָארְטִין
ווִיסֶענְשַׁאפְטִין לֶערְנִין אוּיבֶּער נִישְׁט לֶענְגֶער ווִיא אוּיף דְרַייא
יָאר אוּנ וֶוען דוּא הֶעסְט נָאךְ דִי דְרַייא יָאר קֵיין ווִיסֶענְשַׁאפְטֶן
קֶענִין זָא וֶוערְדֶע אִיךְ דִיךְ אַוֶועק טְרַייבִּין אוּיף עֶוִויג אַזוֹי הָאט
אִיהְם טְרִיטְץ אַלֶעם פֶערְשְׁפְּרָאכִין דָס עֶר אִיהְם פָאלְגִין ווִירְד
אִין אֵיין קָארְצֶע צַייט עֶר רֵייזְט אָב נַאךְ חִינָה אוּבֶּער עֶר אִיז
דָארְטִין נָאךְ ווִילְדֶער גִיוָוארִין דֶען עֶס הָאט אִיהְם נִימַאנְד נָאךְ
גִיקוּקְט וָוס עֶר טוּהְט אָם עֶנְדֶע דִיא דְרַייא יָאהְר זֶענִין אִיבֶּער
גִילָאפִין אוּנ עֶר אִיז צוּא הָאזֶע גִיקוּמִין צוּא פָארִין אַזוֹי הָאט
אִיהְם דֶער פָּאטֶער אָנְגֶעפַאנְגֶן צוּ פְרֶעגֶן ווִיסֶענְשַׁאפְטֶן אוּנ עֶר
הָאט קֵיינְס גִוויסְט דֶען עֶר הָאט דָאךְ דָארְךְ דִיא גַאנְצֶע צַייט
גָאר נִישְׁט גִלֶערוּנְט אַזוֹי אִיז דֶר פָּאטֶער אוּיף אִיהְם זֶעהְר בֵּייז
גִיוָוארִין אוּנ הָאט אִיהְם פוּן זִיךְ פָארְט גִיָיאגְט אוּנ הָאט צוּא
אִיהְם גִיזָאגְט לִיבֶּער זָאהְן גֵייא דִיר אִין גָאטְס נָאהְמֶען אִיךְ
וֶועל דִיךְ פִיר קֵיין זָאהְן הַאלְטִין אוּנְד וֶוען דִי ווֶעסְט אוּף דֶעם
וֶועג ווִיסֶענְשַׁאפְטִין עֶר פָאהְרִין זָא מָאנְסְט דְיא צוּ רִיקְקָאמְמִין
דֶער וַוייל גִיבּ אִיךְ דִיר מִיט אֵיין קוּטְשׁ מִיט פִיעֶר פֶערְד אוּנ
צְווֵייא בֶּעדִינְטֶע אוּיךְ אֵיין בַּייטִיל מִיט רֶענְדְלִיךְ אַזוֹ הָאט זִיךְ
אוּנְזֶער טְרִיטְץ גִיזָאגְט אוּנ אִיז מִיט קְרֶענְקוּנְג אוּנ פֶערְדְרָאס
אַוֶועק גִיפָארִין ווִיא עֶר אִיז אַזוֹי גִיפָארִין בַּאדֶענְקְט עֶר זִיךְ צוּא

וואס

וָואס ניצְט איהְם אֵיין פָּאוָואז מִיט פֶּערְד אוּנ בֶּעדִינְטֶע אָז
קֶען אַזוֹיא אוֹיךְ רֵייזֶען אַזוֹיא שִׁיקְט עֶר זַייא צוּ רִיק צוּם
פָּאטֶער אוּנ עֶר פַאנְגְט אָהְן זַיין רֵייזֶע צוּא פִּיס צוּא מַאכֶען
אֵיין מָאהְל אִיז אֵיין פִינְסְטֶערֶע נַאכְט וִויא עֶר אִיז אַזוֹיא
גִינַאנְגִין זֶענִין אִיהְם בַּאפַאלִין אַכְט גַזְלָנִים אוּנ הָאבִּין אִיהְם
אַלֶעם וָואס עֶר הָאט נָאר גִיהַאט צוּא גִינוּמִין אוֹיךְ דָאס
אָהְן טָאהְן הָאבִּין זַייא אִיהְם צוּא גִינוּמִין אוּנ הָאבִּין אִיהְם
גִילָאזְט שְׁטֵיין אַזוֹיא וְויא גָאט הָאט אִיהְם בַּאשַׁאפִין אַזוֹיא
אִיז עֶר פִיר גְרוֹיס קְרֶענְקוּנְג אוּנ פַּחַד אַיינְגְשְׁלָאפִין עֶר הַאפְּט
זִיךְ אוֹיף אוּנ עֶס וָואר שׁוֹין אֵיין שְׁטִיק אוֹיף דֶעם טָאג אוּנ
דֶער זֶעהְט וִויא עֶס שְׁטֵייט לֶעבִּין אִיהְם אֵיין אַלְטֶער מַאן
דֶער אַלְטֶער מַאן פְרֶעגְט אִיהְם וֶוער עֶר אִיז אַזוֹיא דֶער צֵיילְט
אִיהְם טְרִיטְץ דָאס עֶר אִיז אֵיין קֵייסֶערְס אֵיין זוּהְן אוּנ גַזְלָנִים
הָאבִּין אִיהְם בַּארוֹיבְּט. אַזוֹיא הָאט דֶער אַלְטֶער מַאן אוֹיף
אִיהְם גְרוֹיס רַחֲמָנוּת בַּאקִימִין אוּנ הָאט אִיהְם אַהֵיים גִינוּמִין
צוּ זִיךְ אוּנ הָאט אִיהְם גִיגֶעבִּין אַנְדֶערֶע אָנְטָאהְן אוּנ זָאגְט
אַזוֹיא צוּא אִיהְם לִיבֶּער פְרַיינְד וֶוען דוּא וִוילְסְט אַזוֹיא
קֶענְסְטוּ בֵּייא מִיר פַאר בְּלַייבִּין אוֹיף עֶוִויג אִיךְ וֶועל דִיךְ
פַאר מַיין זוּהְן הַאלְטִין אוֹיךְ קֶענְסְטוּ בַּייא מִיר אַלֶע קְלוּגֶע
וִויסֶענְשַׁאפְטִין לֶערְנִין דֶען דִיא זַאכִין קֶען אִיךְ זֶעהְר גוּט.
אַזוֹיא הָאט טְרִיטְץ אִיהְם זֶעהְר גִידַאנְקְט אוּנ אִיז בַּייא אִיהְם
פַאר בְּלִיבִּין אַזוֹיא אִיז עֶר בַּייא דֶעם אַלְטִין מַאן גִיוֶועזִין
צְווייא יָאהְר אוֹיף דֶעם דְרִיטִין יָאהְר אִיז זִיךְ דֶער אַלְטֶער
פְּלִיצְלוּנְג אַוֶועק גִישְׁטָארְבִּין אַזוֹיא הָאט זִיךְ טְרִיטְץ צוּ גִינוּמִין
אוּנ הָאט וַוייטֶער גִירֵייזְט אֵיין מָאהְל וִויא עֶר גֵייט אַזוֹיא
בַּאגֶעגֶען אִיהְם אֵיין בַּאנְדֶע שְׁטֶעהְלֶער אוּנ פַאר הַאלְטִין
אִיהְם דֶעם וֶועג דֶען זַייא וֶועלִין אִיהְם דָאס גֶעלְד אַוֶועק
נֶעמִין אַזוֹיא זָאגְט טְרִיטְץ צוּא דִיא שְׁטֶעהְלֶער הַאלְט שְׁטִיל

ברודר

ברודער איך בין אויך איין שטעהלער אונ עס פרייט מיך זעהר דאס איך האב איך גיטראפין דען איך וויל צוא אייך צו שטיין אז זייא האבין דאס פון טריטצען דער הערט אזויא זאגין זייא צוא איהם ווען דוא ביסט אויך איין שטעהלער אזויא באווייז אונטין עפעס איין שטיקע · גיט זאגט ער צוא זייא איך וועל אייך באלד באווייזין נאר דאס איהר זאלט מיט מיר מיט גיין אזויא גייען זייא אלע באזאמין זעהן זייא איין בויער פארין אזויא זאגין זייא צוא טריטצען באוייז אונטין דיא איינע שטיקע אונ גאנווע אוועק דיא פערט אין וואגין גיט זאגט ער צוא זייא אזויא נעמט ער איין גאלדין שיכעל אונ לייגט עס אנידער אויף דעם וועג וויא דער באער פארט פארבייא אזויא זעהט ער איין גאלדין שיכעל ליגין אזויא וויל ער עס נישט צוא נעמין דען ער טראכט זיך דאס עס האט עס גיוויס איין גרויסער מאן פארלוירין אונ ווען מען וועט עס בייא איהם דער קענין אזויא וועט ער גיין זיצין דאדארך ׀ אין דער תפיסה אריין אזויא איז ער ווייטער גיפארין אזויא נעמט טריטץ דאס זעלבע שיכעל אונ לויפט עט וואס פריער אוים אונ לייגט עס אויף דעם וועג אנידער דער באער גיט איין קיק אונ דער זעהט ווידער ליגין איין גאלדין שיכעל אזויא זאגט ער יעטצט וועל איך לויפין נאך דעם ערשטין אזויא וועל איך אלע ביידע האבין אזויא לאזט ער איבער דיא פערד אין וואגין אונ לויפט נעמין דאס ערשטע שיכעל ער האט עס אבער נישט גיפינין אזויא גייט ער צו ריק צום פערד מיט דעם וואגין אבער וויא פאר שטיינערט איז ער גיווארין אלעס ער האט שוין דיא פערד אין וואגין נישט גיטראפין שטיין דען וויא ער איז נאר גילאפין נאך דעם שיכעל אזויא האט טריטץ צוא גינומין דיא פערד אין וואגין אונ איז דער מיט גילאפין צוא דיא

שטעהלער

שְׁטֶעהְלֶער אוּנ הָאט זֵיי קוּנְסְשְׁטִיק גְצֵייגְט אַזוֹ זָאגִין זֵיי צוּ אִים בְּרֶענְג דָאס אָנְטָאהְן פוּן בָּאעֶר אַזוֹיא גֵייט עֶר אוּנ נֶעמְט אֵיין קַאלֶעבּ פוּן בָּאעֶרְם וָואגֶן אַרָאפּ אוּנ נֶעמְט אַרָאפּ דֶעם קָאפּ דָר פוּן אוּנ לֵייגְט דֶעם קָאפּ אַרוֹיף אוֹיף אֵיין בְּרֶעט פוּן וָואגִין אוּנ וַוארֶעפְט עֶס אִין. אֵיין וַואסֶר אַרַיין אוּנ וִוי דֶר בָּאעֶר אִיז אַזוֹיא גִינַאנְגִין בַּאטְרִיבְּט אוּנ הָאט גְזִיכְט דִיא פֶערְד אִין וָואגִין אַזוֹיא אִיז עֶר גְרַאדֶע פַאר בַּייא גִינַאנְגִין פַאר דֶעם וַואסֶער וִויא טְרִיטְץ הָאט דֶעם קָאפּ פוּן קָאלֶעבּ מִיט אֵיין בְּרֶעט פוּן וָואגִין אַרַיין גִיוָוארְפִין אַזוֹיא דֶער זֶעהְט עֶר וִויא דָאס קַאלֶעבּ שְׁווִימְט אִין וַואסֶער אַזוֹיא מֵיינְט עֶר דָאס דִיא פֶערְד אִין וָואגִין טְרֶענְקִין אִין וַואסֶער אַזוֹיא טוּהְט עֶר זִיךְ אוֹיס דָאס אָנְטָאהְן אוּנ גֵייט אַרַיין אִין וַואסֶער אוּם דִיא פֶערְד אִין וָואגִין אַרוֹיס צוּא רַאטֶעוִוין אַזוֹיא לוֹיפְט צוּא טְרִיטְץ אוּנ חַאפְּט דָאס אָנְטָאהְן אוּנ אַנְטְלוֹיפְט צוּא דִיא בַּאנְדֶע שְׁטֶעהְלֶער וִויא דִיא שְׁטֶעהְלֶער הָאבִּין דָאס פוּן אִיהְם גִיזֶעהְן אַזוֹיא הָאבִּין זֵייא מוֹרָא גִיהַאט דָאס עֶר זָאל זֵייא אוֹיךְ נִישְׁט אַזוֹיא אָהְן פַייפִין אַזוֹיא זָאגִין זֵייא אַלֶע צוּא אִיהְם גֵייא דִיר אִין גָאטְס נָאמִין דֶען דוּא בִּיסְט פַאר אוּנְטְץ צוּא קְלִיג אַזוֹיא גִיזֶעגֶענְט עֶר זִיךְ מִיט זֵייא אוּנ גֵייט אַוֶועק וִויא עֶר אִיז אַזוֹיא גִינַאנְגִין בַּאדֶענְקְט עֶר זִיךְ צוּא וָואס נִיטְצְט מִיר דָאס רֵייזֶען אִיךְ וֶועל צוּא הוֹיזֶע פָארִין דֶען אִיךְ קֶען שׁוֹין פִיל וִויסֶענְשַׁאפְטִין נָאר אִיךְ וֶועל אַזוֹיא מַאכִין מִיט אַזוֹיא אֵיין אָהְן שְׁטֶעהְל דָאס אַלֶע זָאלִין זָאגִין דָאס אִיךְ בִּין זֶעהְר קְלוּג אַזוֹיא פַאנְגְט עֶר אָהְן אַהֵיים צוּא רֵייזֶען דֶען אַזוֹיא אִיז עֶר בַּאקוּמִין אִין אֵיינֶע רֶעזֶעדֶענְץ שְׁטָאט וֶועלְכֶע הָאט גִיהֶערְט צוּם פָאטֶער אוּנ אִיז גִינַאנְגִין אוֹיף דֶעם מַארִיק אַזוֹיא זֶעהְט עֶר וִויא מֶען מַאכְט זֶעהְר אֵיין גְרוֹיס גִיבַּייא אַזוֹ גֵייט עֶר צוּא דִיא אַרְבֵּייטְסְלֵייטֶע אוּנ

פְּרֶעגְט זַייא אוֹיף דֶעם מַיינְסְטֶער אַזוֹיא צַייגֶען זַייא אִיהְם גְלַייךְ דֶעם מַיינְסְטֶער וֶועלְכֶע וָואס הֵייסִין וָועסֶעלְטְשָׁאק אַזוֹיא גֵייט עֶר צוּא אִיהְם אוּנ פְּרֶעגְט אִיהְם אוֹיבּ עֶר בַּאדַארְף אֵיין מֶענְטְשׁ צוּא דֶער אַרְבֵּייט אַזוֹיא זָאגְט אִיהְם דֶער מֵיינְסְטֶער יֶעצְט דַארְף אִיךְ נִישְׁט נָאר וַוייל דוּא בִּיסְט שׁוֹין גִיקוּמִין אַזוֹיא וָועל אִיךְ דִיךְ נִישְׁט אַוֶועק לָאזִין אַזוֹיא בַּאדִינְגְט עֶר זִיךְ מִיט דֶעם מַיינְסְטֶער וֶועסֶעלְטְשָׁאק בַּייא אִיהְם צוּא אַרְבֵּייטִין דֶעם טָאג פַאר פִינְיף פּוֹילִישֶׁע גִילְדִין אַזוֹיא נֶעמְט זִיךְ טְרִיטְץ צוּא דֶער אַרְבֵּייט אָבֶּער עֶר קֶען גָאר נִישְׁט אַרְבֵּייטִין אַזוֹיא דֶער זֶעהְן עֶס דִיא אַנְדֶערִי אַרְבֵּייטְס לֵייטֶע דָאס עֶר קֶען גָאר נִישְׁט עֶר מַאכְט נָאךְ זֵייעֶר אַרְבֵּייט צוּא שַׁאנְדִין אַזוֹיא זָאגִין זַייא דָאס דֶעם מַיינְסְטֶער דֶער וֶועסֶעלְטְשָׁאק אִיז אָבֶּער אֵיין אוּרֶענְטְלִיכֶער מַאן אַזוֹיא וִויל עֶר אִיהְם נִישְׁט פַאר שֶׁעהְמִין אוּנ אִיהְם הֵייסִין אַוֶועק גֵיין פוּן דֶער אַרְבֵּייט וִויא עֶס קוּמְט אוֹיף דֶער נַאכְט אַזוֹיא בַּאצָאהְלְט דֶער מַיינְסְטֶער וֶועסֶעלְטְשָׁאק אַיְן יֶעדִין פַאר זַיין אַרְבֵּייט אוּנ בַּאצָאהְלְט אוֹיךְ אוּנְזֶער טְרִיטְצִין זַיין לוֹין אוּנ זָאגְט צוּא אִיהְם לִיבֶּער פְרַיינְד אִיךְ פַאר לַאנְג נִישְׁט מֶעהְר דָאס דוּא זָאלְסְט בַּייא מִיר אַרְבִּיטִין דֶען אִיךְ הָאבּ שׁוֹין גִינוּג אַרְבֵּייטְסְלֵייטֶע אַזוֹיא רוּפְט זִיךְ טְרִיטְץ אָהְן צוּם מַיינְסְטֶער לִיבֶּער הֶער מַיינְסְטֶער קוּם מִיט מִיר אוֹיף וַוייִן אַזוֹיא גֵייעֶן זַייא בֵּיידֶע אִין אֵיין וַוייִן הוֹיז אַרַיין אוּנ טְרִיטְץ לָאזְט זִיךְ קָאסְטִין זֶעהְר פִיל גֶעלְד אוֹיף דֶעם מַיינְסְטֶער וֶועסֶעלְטְשָׁאק נָאר אוּם דֶעם דָאס עֶר זָאל אִיהְם לָאזִין וַוייטֶער בַּייא זִיךְ אַרְבִּיטִין אַזוֹיא הָאט אִיהְם דֶער וֶועסֶעלְטְשָׁאק גִיהֵייסִין קוּמִין אַלֶע טָאג צוּא דִיא אַרְבֵּייט אַזוֹיא אִיז זִיךְ אוּנְזֶער טְרִיטְץ אַלֶע טָאג גִיקוּמִין צוּא דִיא אַרְבֵּייט אוּנ הָאט גִיאַרְבֵּייט אַזוֹיא הָאט עֶר זִיךְ

דֶער וֵויסְט דָאס מֶען מַאכְט אוּים דֶעם גְרוֹיסִין גִיבַּייא אֵייךְ
שְׁטַארֶעק פֶּעסְטֶעְנְג אוּנ אִין דֶעם פֶּעסְטֶעְנְג וֶועט מָען אֵיין
גְרַאפְּס אוֹצְרוֹת אַרַיין לֵייגִין אַזוֹיא אִיז טְרִיטְצֶען דִיא זַאךְ
אִיז קָאפְּף אַרַיין גִיגַאנְגִין אוּנ הָאט אָנְגִיפַאנְגִין צוּא מַאכִין
פְּלַאהְנִין וִויא אַזוֹיא עֶר וֶועט דָא קֶענְין דָאס גֶעלְד אַרוֹיס
שְׁטֶעהְלֶען אוּנ דַאמִיט וֶועט עֶר צֵייגִין דֶעם פָּאטֶער דָאס
עֶר גִישִׁיקְט אוּנ קְלִיג אִיז אַזוֹיא אִיז אִיהְם אֵיינֶע טוֹטֶע עֵצָה
אִין זִינִין אַרַיין וִויא אַזוֹיא דִיא זַאךְ זָאל וֶוערִין גִימַאכְט
אַזוֹיא וַוארְט עֶר בִּיז. אוֹיף דִיא נַאכְט וִויא עֶס אִיז נָאר נַאכְט
גִיוָואֹרִין אַזוֹיא רִיפְט עֶר דֶעם מַיינְסְטֶער וֶועסֶעלְטְשָׁאק אִין
אֵיין וַויין הוֹיז אַרַיין אוּנ הָאט זִיךְ זֶעהְר פִיל גֶעלְד לָאזִין
קָאסְטִין אוֹיף עֶסֶענְוַארְג אוּנ גוּטֶע וַויינִין . זֵייא הָאבִּין
אַזוֹיא לַאנְג גִיטְרוּנְקִין בִּיז זֵייא זֶענִין שׁוֹין פַאר דִילְט גִיוָוארִין
אוּנ דֶער מַיינְסְטֶער וָואר שׁוֹין גוּט פַאר קְנַאקְט אַזוֹיא
הָאט עֶס טְרִיטְץ בַּאלְד בַּאמֶערֶעקְט אוּנ זָאגְט צוּא
וֶועסֶעלְטְשָׁאקֶען לִיבֶּער וֶועסֶעלְטְשָׁאק עֶס אִיז מִיר אֵיינֶע
גוּטֶע זַאךְ אוֹיף דֶעם זִינִין אוֹיף גִיקוּמִין וֶועלְכֶעס מֶען וֶועט
קֶענִין בֵּיידֶע אוֹיף אֵייבִּיג גְלִיקְלִיךְ זַיין נָאר דוּא זָאלְסְט מִיר
צוּא שְׁוֶוערִין דָאס דוּא זָאלְסְט עֶס אַקוּרַאט מַאכִין אַזוֹיא וִויא
אִיךְ וֶועל דִיךְ בַּאפֶעלִין . אַזוֹיא שְׁוֶועהְרְט אִיהְם וֶועסֶעלְטְשָׁאק
צוּא אַזוֹיא זָאגְט צוּא אִיהְם טְרִיטְץ דוּא זָאלְסְט וִויסִין דָאס
אִיךְ וִויל מֶען זָאל מַאכִין אֵיין טִיֶער אִין פֶּעסְטוּנְג אוּנ דָאס
מֶען זָאל נִישְׁט דֶער קֶענִין דָאס דָארְט אִיז אֵיין טִיֶער
גִימַאכְט גִיוָוארִין אוֹיךְ זָאל עֶס קֵיינֶער נִישְׁט מַאכִין נָאר
אִיךְ אוּנ דוּא אוּנ אַז עֶס וֶועט פַארְטִיג וֶוערִין אַזוֹיא וֶועט
מֶען מַאכִין אֵיין הֵייל אִינְטֶער דֶער עֶרְד דָארְךְ וֶועלְכֶע מִיר
וֶועלִין קֶענִין אוּם בַּאמֶערְקְט אַרַיין גֵיין אִין פֶּעסְטוּנְג אַרַיין
אוּנ מֶען וֶועט זִיךְ יֶעדֶעס מָאהְל אַרוֹיס שְׁטֶעהְלֶען זֶעהְר פִיל

גֶעלְד . אַזוֹיא הָאט זִיךְ װָעסֶעלְטְשָׁאַק זֶעהְר גִיפְרֵייט אוּנ
הָאט גְלַייךְ גִיבֶּעטִין טְרִיטְצֶען דָאס עֶר זָאל מִיט אִיהְם צוּא
הוֹיזֶע גֵייעֶן שְׁלָאפִין אַזוֹיא אִיז עֶר מִיט אִיהְם אַהֵיים גִיגַאנְגִין
אוּנ הָאט זִיךְ בַּייא װֶעסֶעלְטְשָׁאקִין נִיקֶעסְטִיגְט דֶען
װֶעסֶעלְטְשָׁאק הָאט אִיהְם זֶעהְר לִיבּ בַּאקוּמִין אִין אֵיין
קָארְצֶע צַייט אִיז דָאס פֶּעסְטֶענְג פַּארְטִיג גִיוָוארִין אוֹיךְ
דִיא הֵייל מִיט דִיא פַאר בָּארְגֶעני טִיעֶר אִיז פַארְטִיג
גִיוָוארִין אוּנ עֶס הָאט נִימַאנְד בַּאמֶערְקְט דָאס מֶען הָאט
אִין פֶּעסְטֶענְג אֵיינֶע פַאר בָּארְגֶעני טִיעֶר מִיט אֵיין הֵייל
גִימַאכְט . אַזוֹיא הָאט מֶען גְלַייךְ דִיא אַלֶע אוֹצְרוֹת פוּן
קֶענִיג דַארִינִין אַרַיין גִילֵייגְט . אִין עֶטְלִיכֶע טָאגֶע אַרוּם
אִיז זִיךְ אוּנְזֶער בַּאקַאנְטֶער טְרִיטְץ מִיט װֶעסֶעלְטְשָׁאק
נִיגַאנְגִין אִין פֶּעסְטֶענְג אַרַיין דָארְךְ דִיא הֵייל אוּנ הָאבִּין
אוֹיף גִישְׁלָאסִין דִיא פַאר בָּארְגֶעני טִיעֶר אוּנ הָאבִּין אַרוּים
גִינוּמִין דִימֶענְטִין מִיט גִילְדֶעני רֶענְדְלִיךְ אַזוֹיא הָאבִּין זֵייא
יֶעדֶע נַאכְט זֶעהְר פִיל אַרוּים גִישְׁטֶעהְלְט אֵיין מָאהְל גֵייט
דֶער קַאסִירֶער אִין דֶעם פֶּעסְטֶענְג אוּם עֶטְוָואס גֶעלְד אַרַיין
צוּא לֵייגִין אַזוֹיא זֶעהְט עֶר וִויא עֶס פֶּעהְלְט זֶעהְר פִיל גָאלְד
אוּנ דִימֶענְטִין אַזוֹיא אִיז עֶר זֶעהְר פַאר װוּנְדֶערְט גִיוָוארִין
אוּנ אִיז שִׁיעוּר מְשׁוּגָע גִיוָוארִין קְלֶעטֶענְדִיג . וֶוער עֶס הָאט
דָאס גִיטָאהְן עֶר אִיז אַזוֹיא גִישְׁטַאנִין אִין פֶּעסְטוּנְג אֵיין
לַאנְגֶע צַייט אוּנ הָאט אַלְץ גִיקְלֶעהְרְט וֶוער עֶס הָאט דָאס
גֶעלְד צוּא גִינוּמִין אַזוֹיא קוּמְט פְּלִיצְלוּנְג דֶער דִירֶעקְטָאר
אַרַיין אוּנ זֶעהְט וִויא דֶער קַאסִירֶער שְׁטֵייט אַזוֹיא פַאר
טְרַאכְט אוּנ בְּרֶעכְט זִיךְ דִיא הֶענְד אַזוֹיא גֵייט עֶר צוּא אִיהְם
צוּא אוּנ פְרֶעגְט אִיהְם וָואס דִיזֶעם הָאט צוּא בַּאטַייטִין
אַזוֹיא הֵייבְּט דֶער קַאסִירֶער אָהְן צוּא וֵויינִין אוּנ דֶער צֵיילְט
דֶעם דִירֶעקְטָאר דָאס עֶס פֶעהְלְט אוֹיס דִיא קַאסֶע זֶעהְר

פיל נאלד אונ דיסטעקפין אזויא אין דער דירעקטאר גינאנגין
צום גראף אונ האט איהם דיא געשיכטע דער צייליט .
אזויא האט דער גראף דאס הייסט טריטצם פאטער גילאזט
צוא זיך דער קאסירער ארין ריפין אונ האט איהם אויס
גיפרעגט וויא אזויא ער איז דיא זאך דער גאנגין . אזויא
האט איהם דער קאסירער אלעס דער צייליט אבער דער
גראף האט איהם נישט גיוואלט צוא הערין אונ האט נאר
גיהאט דעם חשד אויף דעם קאסירער . אזויא האט דער
גראף גלייך באפוילין דאס מען זאל מאכין איין אנדערין
קאסירער אויף זיין ארט אונ דעם ערשטין זאל מען איין
זעטצין אין דיא תפיסה ארין אבער וויא עס קומט אויף
דעם אנדערין טאג זייא גייען קיקין אויב מען האט ווידער
עטוואס גישטאהלט אזויא דער זעהן זייא דאס עס פעהלט
ווידער זעהר פיל . אזויא האט זיך דער גראף זעהר דער
שראקין אונ האט גלייך גילאזט צוא זאמין רופין דעם
סענאט אום איין עצה צוא קלערין דאס מען זאל שוין
נישט מעהר קענין שטעהלין . אזויא האבין זייא זיך איבער
גיקלערט אונ האבין גישוקט אין דיא תפיסה ארין דאס
מען זאל זיא אויס קלויבין איין מענטש וועלכער דאס זיצט
שוין לאנג אין דיא תפיסה אזויא האט מען גלייך גיברענגט
איין קלוגין מאן מיט דעם נאמין פייאט אזויא [illegible] זייא
צוא איהם גיזאגט ליבער פייאט מיר האבין צוא דיר איין
גרויס גישעפט דוא זאלסט וויסין דאס צייט עטליכע וואכין
גאנוועט מען אויס דעם פעסטענג זעהר פיל געלד אונ עס
זיצט שוין דאריבער צווייא קאסירערס . אויך מען שטעלט
אלע נאכט איינע זעהר גרויסע וואך אונ עס איז אלעס
אומזונסט . לא די מען קען דעם גנב נישט חאפין קען מען
צוא מאהל דאס געלד אויך נישט דער היטין דען עס גייט
ניששט

נִישְׁט פַּאר בַּייא אֵיין וַנאכְט אַז עֶס זָאל נִישְׁט וֶוערִין גִינַאנְוִויט · אַלְזָא וֶוען דוּא וֶועסְט עֶס דֶער גֵיין ׃אַזוֹיא וֶועסְט דוּא אוֹיף אֵייבִּיג זַיין בַּאפְרַייט אוּנ דוּא וֶועסְט דָא צוּא זֶעהְר פִיל גֶעלְד בַּאקוּמִין אַזוֹיא הָאט עֶר זִיךְ גִיהֵייסִין צַייט גֶעבִּין דֶער צוּא דְרַייא טָאג אוֹיךְ הָאט עֶר זִיךְ אוֹיס גִירֶעט דָאס יֶעדֶע זַאךְ זָאל מֶען טוּהְן וִויא עֶר וֶועט נָאר הֵייסִין אַזוֹיא הָאט עֶר אָנְגִיפַאנְגִין נָאךְ צוּא שְׁפִּיעֶרִין יֶעדֶע זַאךְ אָבֶּער זַיין מִיה וָואס אוּמְזוּנְסְט עֶס אִיז פַּאר בַּייא גִינַאנְגִין צְוֵוייא טָאג אוּנ עֶר הָאט נָאךְ נִישְׁט דָאס מִינְדֶעסְטֶע דֶער פָּארִין וִויא עֶס קוּמְט אוֹיף דֶעם דְרִיטִין׃ טָאג אַזוֹיא גֵייט עֶר אַרוּם אִין פֶּעסְטֶענְג אוּנ בַּאקוּקְט יֶעדֶעס וִוינְקֶעלִי אַזוֹיא וַואר אִיהְם אֵיין אָרְט זֶעהְר פָּאדָארְזִילִיוֶוע (חָשַׁד) אִין דִיא אוֹיגִין אַזוֹיא ׳טְרַאכְט עֶר זִיךְ עֶס מוּז דָאךְ דָא עֶרְגִיין אֵיין פַּאר בָּארְגֶענִי טִיעֶר זַיין דָארְךְ וֶועלְכֶע מֶען גֵייט אַרַיין אוּנ אַרוּם נָאר מֶען זֶעהְט זִיא נִישְׁט · אַזוֹיא גֵייט עֶר אוּנ צוּנְט אוּנְטֶער אֵיין בִּינְטֶל שְׁטְרוֹיא אוּנ זֶעהְט וִויא עֶס גֵייט אַרוֹיס דֶער רוֹיעֶךְ דָארְךְ ־אֵיין קְלֵיין שְׁפַּארְקֶעלִי אַזוֹיא פְרֵייט עֶר זִיךְ זֶעהְר דֶען עֶר זָאגְט דָא מוּז גִיוִויס דִיא טִיעֶר זַיין אַזוֹיא נֶעמְט עֶר אֵיין הֶעקִיל אוּנ פְּרוּבְּט · אוּנ צוּא זַיין גְלִיק הָאט עֶר דֶער טַאפְּט דִיא טִיעֶר אַזוֹיא לוֹיפְט עֶר מִיט פִיל פְרֵייד צוּא דִיא סֶענַאטָארִין אוּנ דֶער צֵיילְט זֵייא דָאס עֶר הָאט גִיפִינִין אֵיין פַּאר בָּארְגֶענִי טִיעֶר דָארְךְ וֶועלְכֶע מֶען שְׁטֶעהְלְט אַרוֹיס דָאס גַאנְצֶע גֶעלְד · אַזוֹיא זָאגִין דִיא סֶענַאטָארִין צוּא אִיהְם וָואס זָאל מֶען וַוייטֶער טוּהְן אַזוֹיא זָאגְט עֶר דָאס מֶען זָאל דִיא וַואךְ פַּאר קְלֶענֶערִין אוּנ מֶען זָאל אִין דֶעם פֶּעסְטוּנְג מַאכִין אֵיין נֶעטְץ דָאס וֶוען דֶער מֶענְטְשׁ וֶועט נָאר אַרַיין גֵיין אַזוֹיא זָאל עֶר גְלַייךְ אַרַיין פַּאלִין · אַזוֹיא הָאט מֶען ׳גְלַייךְ גִימַאכְט . וִויא עֶס קוּמְט

אוֹיף

אויף דיא נַאכְט אַזוֹיא אִיז זִיךְ אוּנְזֶערֶע טְרִיטְץ גִינַאנְגִין מִיט
וָועסֶעלְטְשָׁאקֶען צוּם פֶּעסְטֶעגְג אוּם עֶטְוָואס גֶעלְד אַרוֹיס
צוּא שְׁטֶעהְלֶען וִויא טְרִיטְץ קוּמְט צוּא דִיא טִיעֶר אַזוֹיא
הָאט עֶר גְלַייךְ בַּאמֶערְקְט דָאס מֶען הָאט ! דָא עֶטְוָואס
גִימַיינְסְטֶערֶעוֶוט אָבָּער צוּא דִיא זַאךְ אִיז וָואהְר הָאט עֶר
נִישְׁט גִיוִויסְט . אַזוֹיא זָאגְט עֶר נִישְׁט פַאר וָועסֶעלְטְשָׁאקֶען
נָאר עֶר הֵייסְט אִיהְם אַרַיין גֵיין נָאךְ אֵיין טִין מִיט גָאלְד
אוּנ וִויא עֶר אִיז נָאר אַרַיין גִינַאנְגִין אַזוֹיא אִיז עֶר גְלַייךְ
אַרַיין גִיפַאלִין אִין דִיא נֶעץ אַזוֹיא שְׁרַייט עֶר צוּא טְרִיטְצֶען
לִיבֶּער טְרִיטְץ דֶער בַּארוּם דִיךְ אִיבֶּער מִיר אוּנ נֶעם מִיךְ
אַרוֹיס פוּן דַאנִיט דֶען אִיךְ לוּג אִין אֵיין נֶעץ בִּיז צוּם הַאלְז
צוּא גִיבִּינְדִין אַזוֹיא הָאט טְרִיטְץ מוֹרָא גִיהַאט צוּא אִיהְם
אַרַיין גֵיין אַזוֹיא וֶועט עֶס דָאךְ אִיהְם אוֹיךְ אַרַיין חַאפִּין
אוּנ עֶר וֶועט אוֹיךְ אִין דִיא נֶעץ אַרַיין פַאלִין . אַזוֹיא זָאגְט
עֶר גָאהְר נִישְׁט אוּנ זָאגְט צוּא אִיהְם שְׁוַויינ נָאר שְׁטִיל
שְׁטֶעק אַרוֹיס דֶעם קָאפְּף אַזוֹיא וֶועל אִיךְ דִיךְ אַרוֹיס
צִיהֶען אַזוֹיא הָאט וֶועסֶעלְטְשָׁאק דֶעם קָאפְּף אַרוֹיס
גִישְׁטֶעקְט אָבֶּער עֶס אִיז פַאר פַאלִין עֶר צִיהְט אַהִין אוּנ
אַהֶער אוּנ עֶר קֶען אִיהְם פוּן דִיא נֶעץ נִישְׁט לוֹיז מַאבִין
אַזוֹיא לָאזְט אִיהְם טְרִיטְץ אִיבֶּער אִין דִיא נֶעץ אוּנ פַאנְגְט
אָהְן אַוֶועק צוּא גֵיין . אוֹיף דֶעם וֶועג בַּאדֶענְקְט עֶר זִיךְ
עֶס אִיז דָאךְ נִישְׁט גוּט אַזוֹיא וִויא אִיךְ מַאךְ אִיךְ לָאז
אִיהְם אִיבֶּער אִין דִיא נֶעץ אוּנ וֶוען מֶען וֶועט אִיהְם
נֶעמִין אַזוֹ א וֶועט עֶר דָאךְ מִיךְ אוֹיס גֶעבִּין . עֶס אִיז קֵיינֶע
אַנְדֶערִי בְּרֵירָה נָאר אִיהְם צוּא הַארְגֶענִין . אַזוֹיא גֵייט
עֶר צוּרִיק אוּנ זָאגְט לִיבֶּער וֶועסֶעלְטְשָׁאק . שְׁטֶעק אַרוֹיס
דֶעם קָאפְּף אוּנ אִיךְ וֶועל דִיךְ אַרוֹיס נֶעמִין . דֶען אִיךְ
הָאבּ אֵיין גוּטֶע רָאטֶע גִיפוּנִין דָאס אִיךְ וֶועל דִיךְ גְלַייךְ

אַרוים נֶעמִין · אַזוֹיא שְׁטֶעקְט עֶר גְלייך דֶעם קָאפְּף אַרוים אַזוֹיא נֶעמְט טְרִיטְץ אֵיין שְׁוֶוערְד אונ הַאקְט אִיהְם גְלַייך אָפּ דֶעם קָאפְּף אונ נֶעמְט דֶעם קָאפְּף צוא זִיך אונ גֵייט גְלַייך אַוֶועק אונ דֶעם קָאפְּף צוא שְׁנַייט עֶר אונ וַוארְפְט אִיהְם אִין אֵיין וַואסֶער אַרַיין אונ גֵייט אַהֵיים וִויא עֶר אִיז נָאר אַהֵיים גִיקוּמִין אַזוֹיא פְרֶעגְט אִיהְם דֶעם וֶועסֶעלְטְשָׁאקְס פְרוֹיא אוֹיף אִיהְר מַאן אַזוֹיא זָאגְט עֶר אִיהְר דָאס אִיהְר מַאן הָאט נָאךְ הַיינְט פַאר רֵייזְט פון הִיעֶר דֶען עֶר הָאט גִיזָאגְט דָאס אִיבֶּער זַיין פְרוֹיא מוז עֶר אַנְטְלוֹיפִין אַלְזָא זָאגְט טְרִיטְץ צוא אִיהְר דוא זָאלְסְט וִויסִין דָאס אִיךְ הָאבּ מִיךְ בַּאשְׁלָאסִין הִיעֶר אוֹיף אִימֶער צוא בְּלַייבִּין אַלְזָא וֵויל אִיךְ בַּייא דִיר זַיין אונ וָואס אִיךְ וֶועל פַאר דִינִין אַזוֹיא וֶועט עֶס גִיהֶערִין צוא דִיר אונ דִיא פְרוֹיא הָאט פון דֶעם גַאנְצִין גִישֶׁעפְט גָאהְר נִישְׁט גִיוִויסְט אַזוֹיא הָאט זִיא דְרוֹיף אַיין גִיווִילִיגְט אונ עֶר אִיז דָארְט פַאר בְּלִיבִּין · יֶעטְצְט לָאזִין מִיר זַייא דָא לָאזִין שְׁטֵיין אונ מִיר וֶועלִין צוא דֶעם טוֹיטִין וֶועסֶעלְטְשָׁאק צוּרִיק גֵיין וִויא עֶס אִיז גִיקוּמִין אִין דֶער פְרִיא אַזוֹיא זֶענִין דֶער גַאנְצֶער סֶענַאט אוֹיךְ דֶער פִּירַאט גִינַאנְגִין אִין פֶעסְטֶענְג אַרַיין זֶעהְן אוֹיבּ מֶען הָאט דֶעם גַנָב גִיפַאנְגִין וִויא זַייא עֶפֶענִין אוֹיף דִיא טִיעֶר אַזוֹיא זֶעהְן זַייא וִויא עֶס לוּגְט אִין דִיא גֶעץ אֵיין מֶענְטְשׁ אָהְן אַקָאפּ . אַזוֹיא הָאבִּין זַייא זִיךְ דְרוֹיף זֶעהְר גִיווִינְדֶערְט אַזוֹיא זָאגִין זַייא צוא דֶעם פִּירַאט גִיבּ אוּנְטְץ אֵיין עֵצָה וָואס מֶען זָאל יֶעטְצְט מַאכִין · אַזוֹיא זָאגְט עֶר צוא זַייא מַיין עֵצָה אִיז דָאס אִיהְר זָאלְט לָאזִין דֶעם טוֹיטִין קֶערְפֶּער אַרוּם טְרָאגִין אִין אַלֶע גַאסִין אוֹיךְ אִין אַלֶע הַייזֶער . אונ דֶער מֶענְטְשׁ הָאט דָאךְ פַאמִילְיֶע אוֹדֶער וַוייבּ אונ קִינְדֶער אונ וֶוען זַייא וֶועלִין אִיהְם דֶער זֶעהְן אַזוֹיא וֶועלִין זַייא דָאךְ

אָנְפַאנְגִין צוא וַיינִין אַזויא זָאל מֶען זֵייא צוא נֶעמִין אוּנ פוּן זֵייא וֶועט מֶען אַלֶעס דֶער גֵייעֶן אַזויא הָאבִין דִיא סֶענַאטָארִין אִיהִם גִיפָאלְגְט אוּנ הָאבִין גְלַייךְ בַּאפוֹילִין דֶעם מֶענְטְשׁ אַרוּם צוּא טְרָאגִין אִין יֶעדִין הויז אַרַיין אַזויא זֶענִין זֵייא גְרַאדֶע גִיקוּמִין אִין דֶעם הויז אַרַיין ווִיא טְרִיטְץ הָאט גִיוואוֹהְנְט . יֶעטְצְט לָאזִין מִיר זֵייא דָא לָאזִין שְׁטֵיין אוּנ מִיר וֶועלִין צוּא טְרִיטְצֶען גֵיין אוּנְזֶער טְרִיטְץ קוּמְט צוּא גֵיין פוּן דִיא גַאס אוּנ דֶער זֶעהְט ווִיא בַּייא אִיהְם אִין הויז לִיגְט דֶער טוֹיטֶער קֶערְפֶּער פוּן דֶעם מֶענְטְשׁ אוּנ זֶעהְר פִיל מֶענְטְשִׁין שְׁטֵייעֶן נֶעבִין אִיהְם . אַזויא אִיז עֶר זֶעהְר דֶער שְׁרָאקִין גִיוָוארִין אָבֶער דָאךְ מַאכְט עֶר זִיךְ דֶער פוּן גָאהְר נִישְׁט אוּנ גֵייט זִיךְ אִין דִיא שְׁטִיב אַרַיין עֶר פְרֶעגְט דִיא הויז לֵייטֶע וָואס דָאס הָאט צוּא בַּאטַייטִין אַזויא זָאגִין זֵייא אִיהְם דָאס זֵייא ווֵייסִין גָאהְר נִישְׁט . אַזויא פַאר רֵייכֶערְט עֶר זִיךְ אֵיין צִיגַאר אוּנ קוּקְט אַרָאפּ פוּן דֶעם פֶענְסְטֶער אַזויא זֶעהְט עֶר ווִיא וֶועסֶעלְטְשָׁאקְס פְרוֹיא גֵייט אויף דֶעם מַארֶעק אַזויא הָאט עֶר זֶעהְר פָארְכְט גִיהַאט דָאס זִיא וֶועט אִיהְם דֶער זֶעהְן אַזויא וֶועט זִיא אִיהְם דֶער קֶענִין . אַזויא זָאגְט עֶר צוּא דֶעם עֶלְטְסְטִין זוּהְן פֶערְדִיָא גֵייא אוּנ וַואשׁ אָפּ דִיא פֶענְסְטֶער אַזויא גֵייט עֶר אוּנ שְׁטֶעלְט זִיךְ אויף דֶעם פֶענְסְטֶער אוּנ ווִיא עֶר פַאנְגְט נָאר אָהְן אָב צוּא ווִישִׁין אַזויא עֶר גְרֵייכְט אִיהְם אוּנ שְׁמֵייסְט אִיהְם אויף דִיא גַאס אַרוּים אוּנ מַאכְט בַּאלְד אֵיין גִישְׁרֵייא דָאס פֶערְדִיָא אִיז אַרָאפּ גִיפַאלִין דִיא פְרוֹיא אִיז גִיקוּמִין צוּא לוֹיפִין אוּנ הָאט דָאס אוּמְגְלִיק דֶער זֶעהְן דֶען עֶר אִיז אויף אֶמֶת גִיהַרְגִית גִיוָוארִין אַזויא הָאט זִיא זֶעהְר גִיוַויינְט אוּנ אִיהְר קָאפּ וָואר שׁוֹין נִישְׁט צוּא זַיין בַּאקוּקִין דֶעם טוֹיטִין קֶערְפֶּער דִיא לֵייטֶע הָאבִין אַרוּם

גִיטְרָאגִין

גיטראגין דעם טויטין איין: גאנצין טאג און האבין דאס
מינדעסטע נישט דער גאנגין אזויא גייען זייא צוא הויזע
דיא סענאטארין ווילין אבער דאך דיא זאך דער גייען אזויא
ריפין זייא צום דריטין מאהל דעם פיראט און זאגין צוא
איהם מיר האבין דיין עצה דער פילט און מיר האבין ניקס
דער גאנגין · אזויא זאגט ער מען מוז נאך דיזע נאכט זעהן צו
מאכין אין דיא שענסטע גאס איין גרויסע תלויה און מען זאל
אויף איהם אויף העגגין דעם טויטין קערפער און צוועליף
זעלנער זאלין איהם באוואכין . און וועלכער מענטשעם וועט
פאר ביא גיין און וועט אנפאנגין צוא וויינין אזויא זאלין זייא
איהם נעמין וויא עס קומט אין דר פריא אזויא גייט טריטץ פאר
דיא טיער ארום און ער זעהט וויא עס שטייט אין מיטין מארעק
איין הויכי תלויה און דרויף העגגט אונזער בעקאנטער
וועסעלטשאק דען זייא האבין גראדע גימאכט דיא תלויה אויף
דיא גאס וויא טריטץ האט גיוואנט אזוי האט ער זיך גישראקין
דם וויא די פרויא וועט גיין און מאכין הערין אזוי וועט זיא אים
דר קענין אזוי וועט זיא דאך אנפאנגין צו וויינין אזוי באדענקט
ער זיך און גייט צוא דער טיער און פאר שליסט זיא און נעמט
דעם שליסיל צו זיך און גייט אין גאס ארין און ווארט ביז פאר
נאכט · וויא עס קומט פר נאכט אזוי קויפט ער זיך איין גימיין
פערדיל אוך איין וואגין און האט אויף גילייגט איין גרויסי טין
מיט אקיוויט און איז צו גיפארין צו דעם ארט ווי וועסעלטשאק
האט גיהאנגען און אוף דעם ארט וואר זעהר פיל זאמד.נוא פר
שטייט זיך אז דם פערד האט ניט גיוואלט גיין און איז גיבליבין
שטיין אזוי גייט ער צו די זעלנר און פאנגט פר זיי אן צו וויינין
דם זיי זאלין אים ראטעווין אזו וועט ער זיי געבן וויפיל בראנפין
זייא וועלין נאר וועלין טרונקין און ער גיסט זייא באלר אן צו
האלבי קווארטין ריינים שפירט און האט זייא נאך אמאל אזוי

גיגעבי

גיגעבין אונ צום דריטין מאל ביז די זעלנר זענין אנידר גיפאלין
חיי די פגרים שיכור אזו נעמט ער אונ שנייט אפ דעם מענטש
פון די תלויה אונ גיסט אום דעם אקיוויט אונ לייגט אים אין די
טין אריין אונ פארט אוועק אונ דם פערד האט ער דר טרענקט
אונ דעם וואגין האט ער צוא האקט אונ דעם טויטין מענטש
האט ער באגראבין אונ איז זיך צו הויזע גיגאנגין ווי עס קומט
אין דר פריא די זעלנער חאפין זיך אויף אונ דר זעהן וויא דער
מענטש איז נישט דא אזו לופין זיי צום סענאט אונ דר ציילין
זייא דם באגעגעניהייט . אזוי זענין דיא סענאטארין זעהר בייז
גיווארין אונ האבין דיא ארימע זעלנר אין גיפענקניש גיזעצט
אונ האבין גישיקט נאך דעם פיראט אונ האבין איהם
דם דער ציילט אזוי זאגט ער צו זייא איך קען אייך שוין מעהר
קיין ראטע געבין דען דער גנב איז קליגער פון מיר. נאר נאך
איין זאך קאן מען פרובירין מען זאל מאכין איין באל אונ מען
זאל קאנין פאבליקירין דם יעדער מענטש זאל קומין אויף דעם
באל דען פאר גיווים וועט ער אויך קומין ; אונ איך וועל שוין
מאכין אזו איין שטיקע דם מען וועט אים שוין חאפין אזו האט
מען אים גלייך גיפאלגט אונ מען האט גימאכט איין באל אזו
האט דר פיראט גשטעלט אין אלע שטיבין איין קליין קעסטיל
מיט דימענטין אונ האט גימאכט מיט אזו איין קונטץ ווער עס
וועט עס וועלין צו נעמין אזוי וועט אים באלד די פאדעשוויס
פון דיא שטיוויל אראפ טרענין אויף דעם באל איז אונזער
באקאנטער טריטין אויך גיקומין ווי עס קומט נאך דעם באל
אזו לאזט מען די גיזעלינשאפט נישט צו הויזע גיין אונ מען דר
האלט זיי אוף שלאפין . ווי טריטץ קומט אין איין שטיב אריין
אזוי זעהט ער ווי עס שטייט איין קעסטיל מיט דימענטין אזוי
האט ער עס גיוואלט צו נעמין אזו לייגט ער זיך שלאפין אבער
ער טאר נישט שלאפין דען ער האט גאר גיווארט ביז דיא

גיזעלינשאפט וועלין אנטשלאפין ווערין אזוי האט ער זיך עס באלד דער וויסט דען זייא זענין באלד אנטשלאפין גיווארין. אזו גייט ער אראפ אונ וויא ער פאנגט נאר אן דאס קעסטיל צו רירין אזו רייסט עס אים די פאדעשווים פון די שטיוויל מיט אזוי דר שרעקט ער זיך זעהר אונ לאזט דם קעסטיל שטייען אונ גייט צו יעדין באזונדער אונ שנייט אלי אפ די פאדעשווים פון דיא שטיוויל אונ לייגט זיך צוריק שלאפין ווי עס קומט אין דר פריא אזו ווינדערין זיך די מענטשין זעהר דרוף דם עס פעהלט זיי די פאדעשווים פון די שטיוויל אונ ווי זיי ווינדערין זיך אזו קומט גראדע דער פיראט ארין צו גיין אונ ער זעהט ווי אלע גייען די פאדעשווים פון די שטיוויל אראפ גירוסין אזוי וועט ער זעהר אין צארין דריבער וויל זיין עצה איהם נישט גיראטין אונ לופט צום סענאט אונ זאגט דם מען זאל אופסנייא מאכין איין באל אזוי מאכט מען אופסנייא איין באל. אונ אונזער טריטץ איז ווידער גיקומין. ער האט דארטין זעהר פיל פארגעניגין גינאפין אום ענדע דר זעהט ער איין דימענטינים בעכר. אזו גיפעלט ער אים זעהר אזו באדענקט ער זיך גאר ניט אונ נעמט אים צו זיך ווי דר באל האט זיך גיענדיקט אזוי זעהט ער ווי מען פר שליסט אלע טירין אונ מען לאזט מער נישט אבר ווי איין קליינע טיער ארום צו גיין אונ ווער עס גייט ארום דעם באזיכט מען אזוי האט זיך דר שראקין ער פאנגט אן צו קלערין וואס טוהט מען יעטצט מיט דעם בעכער צוריק לייגין האט ער איהם שוין נישט גיקענט אזוי נעמט ער דעם בעכר אונ לייגט אים ארין צוא איין יעזואיט. בישוף אין דיא קעשעני ארין דר בישוף גייט ארוים אונ מען האט בייא אים נישט גיזוכט דען ער איז דאך איין בישוף אזוי גייט ער גלייך נאך אים האט מען באזיכט אבער מען האט ביי איהם נישט גיפונין אזוי גייט ער גלייך צוא דעם בישוף אונ נעמט ארוים

צוריק דֶעם בֶּעכֶר אונ גֵייט נָאךְ הויזֶע ווי עֶס קוּמְט נָאךְ דֶעם
בַּאל אַזוֹ זֶעהֶן זַיי דָס עֶס פֶעהְלְט אֵיין דִימֶענְטִינֶר בֶּעכֶר אַזוֹ דָר
צֵיילִין זַיי עֶס דֶעם פִּירַאט . אַזוֹי פַר ווִינְדֶערְט עֶר זִיךְ זֶעהְר ווִי
אַזוֹי הָאט מֶען גִיקֶענְט דֶעם בֶּעכֶער צוּא נֶעמִין אַזוֹי הֵייסְט עֶר
מַאכִין צוּם דְרִיטִין מָאל אֵיין בַּאל אונ הָאט אוים גִילֵייגְט אוֹיף
דִיא פָּאדְלִיגֶע פִיל גָאלְדֶענִי רֶענְדְלִיךְ אויךְ הָאט עֶר גִישְׁטֶעלְט
אִין יֶעדֶערִין ווִינְקֶעל מֶענְטְשִׁין ווֶעלְכֶע זָאלִין אַכְטוּנְג גֶעבִּין
ווֶער עֶס וֶועט זִיךְ אַרָאפּ בֵּייגִין אוֹיף הֵייבִּין אֵיין רֶענְדִיל . נוּיא
אוֹיף דֶעם בַּאל אִיז זִיךְ אוּנְזֶער טְרִיטְץ ווַייטֶער גִיקוּמִין אונ הָאט
גִיזֶעהֶן ווִי עֶס לוּגְט זֶעהְר פִיל גָאלְדֶענִי רֶענְדְלִיךְ אוֹיף דֶר עֶרְד
אַזוֹ הָאט אִים דֶר צוּ אֵיין חֵשֶׁק אָן גִיחַאפְּט אַזוֹ טְרַאכְט עֶר זִיךְ
אַרָאפּ צוּ בֵּייגִין זִיךְ אונ אוֹיף צוּ הֵייבִּין אִיז קֵיין פְּלַאן . אַזוֹ אִיז
עֶר גִיגַאנְגִין אונ הָאט זִיךְ בַּאשְׁמִירְט דִיא פָּאדֶעשְׁווִים מִיט
סְמָאלֶע אונ אִיז אַזוֹי לַאנְג גִיטְרֶעטִין אוֹיף דִי רֶענְדְלִיךְ בִּיז עֶס
הָאבִּין זִיךְ אִיהְם אָן גִיקְלֶעבְּט זֶעהְר פִיל . דֶער בַּאל הָאט זִיךְ
גִיעֶנְדִיגְט אונ אַלֶע מֶענְטְשִׁין זֶענִין צוּ הויזֶע גִיגַאנְגִין אונ אוּנְזֶער
טְרִיטְץ אִיז אויךְ צוּ הויזֶע גִיגַאנְגִין . דֶר פִּירַאט קוּמְט צוּ גֵיין
אונ צֵיילְט אִיבֶּער דִיא רֶענְדְלִיךְ אַזוֹ זֶעהְט עֶר דָס עֶס פֶעהְלְט
זֶעהְר פִיל . אַזוֹי לוֹיפְט עֶר צוּם סֶענַאט אונ זָאגְט עֶס אִיז שׁוֹין
נִישְׁט פַאר הַאנְדִין קֵיין שׁוּם מִיטֶעל אִין דֶער ווֶעלְט צוּ דֶר גֵיין
דֶעם גַנָב נָאר דָאס מֶען זָאל פָּאבְּלִיקִירִין אויךְ אוֹיף צֵייטוּנְג
שְׁטֶעלִין דָס ווֶען דֶר מֶענְטְשׁ ווֶעלְכֶער הָאט אַזוֹ גוּט זַיין רָאלֶע
גִישְׁפִּילְט קֶענִין דִי גַאנְצֶע מְדִינָה ווֶעט זִיךְ שְׁטֶעלִין פַאר דֶעם
גְרַאף אַזוֹי ווֶעט מֶען אִיהְם מַאכִין פַאר דֶעם גְרַאפְס יוֹעֵץ נָאר
בִּתְנַאי דָס עֶר זָאל זָאגִין ווִיא אַרוּם עֶר הָאט דָאס אַלֶעס גִיטָאן
אַזוֹ הָאט מֶען אִים גִיפָאלְגְט אונ מֶען הָאט גִילָאזְט פָּאבְּלִיקִירִין
אויךְ אוֹיף צֵייטוּנְג שְׁטֶעלִין אַזוֹ אִיז גְרַאדֶע אֵיין צֵייטוּנְג גִיקוּמִין
אִין טְרִיטְץ הַאנְד אַרַיין . עֶר לָאזְט זִי דוּרְךְ . אונ שְׁרַייבְּט אֵיין

בְּרִיף צוּם סֶענַאט אוֹיף אַזוֹ אֵיין אַרְט · אִיךְ שְׁטֶעל מִיךְ צוּם גְרַאף נָאר וֶוען אִיךְ וֶועל נָאךְ אֵיין מָאהְל זֶעהְן אוֹיף דִי צֵייטוּנְג דִי זֶעלְבֶּע רֵייד אוּךְ דֶער גְרַאף זֶעלְבְּסְט זָאל זַיין עֶהְרִין וָוארְט גֶעבִּין דָאס מֶען וֶועט מִיר גָאר נִישְׁט טִיהְן . אוּנ שְׁרַייבְּט זַיין נָאמִין נִישְׁט אוּנְטֶער . וִויא דֶער בְּרִיף אִיז אָהְן גִינוּמִין צוּם סֶענַאט אַזוֹיא גֵייעֶן זֵייא דֶער מִיט צוּם קֶענִיג אַזוֹיא הָאט דֶער קֶענִיג גְלַייךְ גִילָאזְט פָּאבְּלִיקִירִין דָאס מֶען וֶועט אִיהְם גָאר נִישְׁט טוּהְן נָאר בִּתְנַאי דָאס עֶר זָאל אַלֶעס דֶר צֵיילִין דֶעם גְרַאף וִויא אַזוֹיא עֶר הָאט דָאס גִימַאכְט אוּיךְ זָאל עֶר צְוֵייא טָאג צְוֶועלִיף הָאזִין פַּאשִׁין אִין וַואלְד אוּנ עֶר זָאל אֵיין ווִילְדִין בֶּער אָפּ גָאלִין פוּן קָאפּ בִּיז צוּ דִי פִּים . אַזוֹיא הָאט טְרִיטְץ גְרַאדֶע דִיא צֵייטוּנְג דֶער הַאלְטִין אַזוֹיא בַּאקְלֶעהְרְט עֶר זִיךְ דָאס עֶר וֶועט אַלֶעס קֶענִין מַאכִין · אוּנ הָאט נִישְׁט גִיזָאמְט אוּנ הָאט זִיךְ פַאר דֶעם קֶענִיג זֶעלְבְּסְט גִישְׁטֶעלְט דֶער קֶענִיג אִיז דַאמָאלְס גִיזֶעסִין מִיט אַלֶע סֶענַאטָארִין אוּנ הָאבִין דֶער פוּן גִישְׁפְּרָאכִין אַזוֹיא גֵייט עֶר צוּא דִיא וַואךְ אוּנ מֶעלְט זִיךְ צוּם קֶענִיג אַזוֹיא הָאט מֶען אִיהְם בַּאלְד אַרַיין גִילָאזְט . דֶער קֶענִיג פְרֶעגְט אִיהְם דִיא בִּיסְט דָאס . אַזוֹיא אוּנְזֶער וֶועלְכֶער הָאט אוּנְטִין צוּם נַאהְר גִימַאכְט דוּא זָאלְסְט ווִיסִין דָאס וֶוען דוּא וֶועסְט דִיא צְוֵייא שְׁטִיקֶעס נִישְׁט מַאכִין אַזוֹיא וֶועט מֶען דִיךְ צוּא שְׁנַיידִין אוֹיף שְׁטִיקֶער אַזוֹיא זָאגְט עֶר לִיבֶּער קֶענִיג זָארְגְט אַייךְ גָאהְר נִישְׁט אִיךְ וֶועל עֶס מַאכִין עֶרְשְׁטֶענְס גִיט מִיר דִיא צְוֶועלִיף הָאזִין אִיךְ וֶועל זֵייא פַּאשִׁין אַזוֹיא הָאט מֶען אִיהְם גִיגֶעבִּין אַזוֹיא נֶעמְט עֶר דִיא צְוֶועלִיף הָאזִין אוּנ לָאזְט זֵייא אָפּ דָאס זֵייא זָאלִין גֵיין אִין וַואלְד אַרַיין נוּיא פַאר שְׁטֵייט זִיךְ דָאס וֶוען עֶר הָאט זֵייא נָאר נָאךְ גִילָאזְט אַזוֹיא זֶענִין זֵייא בַּאלְד אַנְטְלָאפִין גִיוָוארִין אַזוֹיא הָאט עֶר

זיך דרויף נאהר נישט גיזארגט דען ער האט גיהאט איין
פייפעלע דאס ווען ער האט נאר דרויף איין פייף גיגעבין
אזויא זענין זייא צוא איהם גיקומין צוא לויפין וויא פיל
האזין ער האט גיוואלט . אזויא האט ער גיגעבין איין פייף
אזויא זענין זייא באלד גיקומין צוא לויפין ער האט זייא
גיפאסעט איין גאנצין טאג וויא עס קומט אויף דעם אנדרין
טאג אזויא לאזט ער זייא ווידער אויף דעם פעלד אזויא
קומט צוא גיין דער פיראט אונ וויל ביא איהם איין האז
אפ קויפין אזויא זאגט טריטין צוא זיך איך וועל איהם
בעסער באצאלין איך וועל איהם פאר קיין געלד נישט
פאר קויפין נאר פאר דרייא הונדערט שמיטין אויף דעם
בלויסין לייב וועט ער עס האנדלין דער פיראט קומט צוא
גיין אונ זאגט איך בעט דיך פאר קויף מיר איין האז אזויא
זאגט צוא איהם פרידריך ווען דוא גיסט מיר דאס גאנצע
געלד פון דער וועלט וועל איך עס דיר נישט פאר קויפין
נויא ווען דוא וועסט דיר לאזין געבין אויף דעם בלויסין
לייב דרייא הונדערט שמיטין אזויא וועל איך דיר געבין איין
האז אזויא לייגט זיך דער פיראט אנידער אונ ער ציילט
איהם אפ אויף דעם בלויסין לייב דרייא הונדערט שמיטין
מיט פרישע ריטער גאנץ ערליך ביז דאס בלוט האט פון
איהם גירונין דער נאך גיט ער איהם איין האז וויא דער
פיראט איז נאר איין שטיקיל וועג אפ גיגאנגין מיט דעם
האז אזויא נעמט ער דאס פייפעלע אונ גיט איין פייף אזויא
קומט דער האז באלד צוא לויפין דער פיראט האט זיך
מיט גרויס קלעמעניש קאהם אריין גישלעפט אין שטאט
אריין אונ האט נימאנדין דער ציילט דאס ער האט דא
אזויא איין נידערלאגע (מפלה) גיהאט איידער טריטין איז
צוא הויזע גיגאנגין אויף דער נאכט אונ האט אפ גיגעבין

ועם

דֶעם קֶענִיג צוּא דִיא הַאנְד דִיא צְוֶועלִיף הָאזִין אוּנ זָאגְט צוּם קֶענִיג לִיבֶּער קֶענִיג דֶער לוֹיבְּט מִיר דִיא נַאבְט דֶעם בֶּער אָפּ צוּא גָאלִין (רֶעזִירִין) אַזוֹיא דֶער לוֹיבְּט עֶר אִיהְם. אַזוֹיא גֵייט טְרִיטְץ אִין נַאס אַרַיין אוּנ קוֹיפְט אֵיין טָאפּ מֶעד מִיט אָקֶעווִיט אוֹיךְ אֵיין גָאהְל מֶעסֶער אוּנ לֵייגְט דָאס אַלֶעס אִין זַיין צִימֶער אַרַיין דֶער נָאךְ נֶעמְט עֶר דֶעם מֶעד מִיט דֶעם אָקֶעווִיט אוּנ מִישְׁט עֶס אוֹיס אוּנ גִיסְט עֶס אִין אֵיין בַּאלִיֶע אַרַיין אוּנ שְׁטֶעלְט עֶס אַנִידֶער אִין זַיין צִימֶער אוּנ גֵייט אַרוֹיס אוּנ הֵייסְט דָאס מֶען זָאל דֶעם בֶּער אִין זַיין צִימֶער אַרַיין פִירִין וִויא מֶען הָאט נָאר דֶעם בֶּער אַרַיין גִילָאזְט אַזוֹיא הָאט עֶר דֶער שְׁפִּיהֶרְט מֶעד מִיט אָקֶעווִיט אַזוֹיא הָאט עֶר אַנְגִיפַאנְגִין דָאס צוּא טְרוּנְקִין עֶר הָאט אַזוֹיא לַאנְג גִיטְרוּנְקִין בִּיז עֶר אִיז אַנִידֶער גִיפַאלִין וִויא אֵיין פֶּגַר אַזוֹיא נֶעמְט טְרִיטְץ דָאס גָאהְל מֶעסֶער אוּנ הָאט דֶעם בֶּער אָפּ רֶעזִירְט פוּן קָאפּ בִּיז דִיא פִיס אוּנ עֶר אִיז גְלַייךְ גִיגַאנְגִין אִין פַּאלַאץ אַרַיין אוּנ הָאט בַּאמָאלְדִין דֶעם קִינִיג דָאס דֶער בֶּער אִיז שׁוֹין אָפּ רֶעזִירְט דֶער קֶענִיג וָואס זֶעהְר נַאגִיֶערִיג צוּא זֶעהְן אַזוֹיא אִיז עֶר מִיט אִיהְם מִיט גִיגַאנְגִין אַזוֹיא הָאט אִיהְם טְרִיטְץ דָאס גִילֵייגְט אַזוֹיא פְרֶעגְט אִיהְם דֶער קֶענִיג פוּן וַואנֶעט עֶר אִיז אַזוֹיא. אַנְטְווָארְט טְרִיטְץ דָאס עֶר זַיין פָאטֶער אוּנ מוּטֶער שׁוֹין מֶעהְר וִויא זֶעקְס יָאהְר הָאט נִישְׁט גִיזֶעהְן דְרוּם וֵייסְט עֶר נִישְׁט וִויא זֵייא הֵייסִין אוֹיךְ הָאט עֶר פַאר גֶעסִין וִויא זֵייא הָאבִּין גִיוואוֹהְנְט נָאר דָאס גִידֶענְקְט עֶר דָאס צְווֵייא עֶלְטֶערֶע בְּרוּדֶער פוּן זִיךְ הָאט עֶר גִיהַאט אוּנ עֶר הָאט פַאר בְּרֶענְנְט זַיינֶע יָאהְרִין אִין גְרוֹיס פְרֵייד אַזוֹיא פְרֶעגְט אִיהְם דֶער קֶענִיג וִויא הֵייסְט דוּא אַזוֹיא זָאגְט עֶר דֶעם קֶענִיג דָאס עֶר הֵייסְט טְרִיטְץ. וִויא דֶער קֵייסֶער הָאט דָאס פוּן אִיהְם דֶער הֶערְט אַזוֹיא הָאט עֶר אָהְן גִיפַאנְגִין

צוּא

צוא צְווייפְלִין אויב דִיזֶער אִיז נִישְׁט זַיין זוהְן אַזויא הָאט עֶר אִיהְם בַּאשְׁווארִין דָאס עֶר זָאל אִיהְם זָאגִין דִיא וָוארְהֵייט אונ אַלֶעס וָואס עֶס נִיוֶועזִין אִיז וֶועט עֶר אִיהְם שֶׁענְקִין אַזויא הָאט טְרִיטְץ בַּאלְד זִיךְ גִיגֶעבִּין צוא דֶער קֶענִין דֶער פָּאטֶער הָאט אִיהְם לוּבְּלִיךְ אַרום גִינוּמִין אונ הָאט אִיהְם פָאר גִישְׁטֶעלְט דִיא קֶענִיגִין אונ דֶער קֶענִיג וָואס הָאבִּין גְרוֹיס פְרֵייד דֶען עֶר הָאט יֶעטְצְט גָאהְר דָאס עֶר זֶעהְר ווילְדֶער אִיז אַזויא גֵייט עָר אַרוֹים אָבֶּער דָאס רֶעגִירוּנְג אִין אֵיין קָארְצֶע צַייט אִיז דֶער קֶענִיג גִישְׁטָארְבִּין אַזויא הָאט מֶען אִיהְם צוּם צְווייטִין מָאהְל גִיקְרֵיינְט אונ עֶר וָואר פִירִין דִיא רֶעגִירוּנְג זֶעהְר קְלִיג אונ וָואר בִּיז אִין זַיין עֶנְדֶע אַבֵיין זֶעהְר גְלִיקְלִיךְ:

# ענדע



10 קול יעקב. על חמש מגילות, אויף עברי טייץ, מהמגיד מדובנא.

50 שיח ספונים. עם פרוש יקר ועם עברי טייטש על חמש מגילות.

20 קצור דברי הימים. פערקירצטע אידישע געשיכטע פון אדם הראשון ביז חורבן בית שני.

20 אנעקדאטען בוך. 270 זעהר שעהנע הומאריסטישע סאטירישע וויטצען און אנעקדאטען, צונויפגעקליבען דורך מ. קוקעלשטיין.

6 מאטקע חבד. זעהר שעהנע וויטצען אונ אנעקדאטען פון מאטקע חבד פון ווילנא.

6 דער נייער פראקטישער גערימטער טרעפער. מיט פיעל נוטצבארע זאכען.

2 הגורלות. גורל בוך פון ר' סעדיהו גאון.

15 דער קינדער לעהרער. זעהר איין פראקטישעס לעהר—בוך פאר אידישע קינדער צו ערלערנען דיא רוסישע שפראך, מיט איין בייל אגע 10 אלף ביתין געדרוקטע און געשריבענע פון 10 אנדערע שפראכען, פון נ. ש. פיינגענזאהן.

40 דער גערימטער לידעריג. אדער דיא טערקווירדיגע פעראיהרונג פון אלכסנדער דאמאס (פאטער).

6 ליפפאלד. דער אידישער מיניסטער, אהיסטארישע ערצעהלונג פון י. מ.

8 נסים ונפלאות. מעשיות וואס דיא באבע עליה השלום האט ערצעהלט פון י. מ.

3 דיא אייפערזיכטיגע פרוי. אדער דיא ערשטע קעכין, אסצענע פון אפאמיליען ליעבען פון י. מ.

8 בת מלכה. איין זעהר שעהנע געשיכטע וויא איין בת מלכה האט זיך פערליעבט אין איין גערטנערס אזאהן.

8 בן מלך. איין זעהר שעהנע געשיכטע פון איין פרינץ און פרינצעסען וויא עם האט זייא דורך פיעל מלחמות געגליקט צו ווערן קייזער און קייזערין פון 3 מדינות.

8 געשיכטע פון בבא. איין זעהר שעהנע ערצעהלונג פון בבא סיט דרעזני.

8 דיא נארישע כלה. אדער דיא געגעטע מיידעל אראמאן אין 2 טייל פון ש. בעקערמאן.

6 צווייא מזל טובים אין 1 נאכט. אזעהר שעהנער ראמאן.

8 דאס געגנבעטע קינד אדער דער רוסישער טערק. ראמאן אין 2 טייל פון ש. בעקערמאן.

20 די שעהנע ליזא אדער דיא בייזע שלאנג. אהעכסט אינטערעסאנטער ראמאן פון א. בוכבינדער.

20 דער געטרייער חתן. אהעכסט אינטערעסאנטער ראמאן פון א. בוכבינדער.

6 שימכע פלאכטע אדער דער וועלט שווינדלער. אזעהר שעהנע הומא-ריסטישע געשיכטע.

5 הגדה פון יעקינא. אזעהר הומאריסטישע געשיכטע וויא אזוי אפערציייטיגער ארענדאטאר מוט זיין זאהן יעקינא האבען אפגערובט דיא סדרים.

5 נור אריה. אוואונדערליכע געשיכטע פון דעם געטליכען מאן הרב הגאון המפורסם מו"ה ליואי בר בצלאל זללה"ה וואס ער ווערט גערופען גור אריה.

6 מעשה משני שותפים או שני קצבים. אוואונדערליכע שעהנע געשיכטע וויא 2 קצבים האבען דעם גאנצען לעבען פערקויפט טרפה פלייש און וויא איז מינן נאכהער דערגאנגען, און זייער תשובה טאן.

5 צענטוריע וועגטוריע. דא ווערט דערצעהלט פון איין גרויסען סוחר וויא ער איז געפאהרען אויף אשיף און איז פערווארפען געווארען אויף א אינזעל צווישען ווילדע מענשען און וויא ער איז נאכדעם ניצול געווארען.

6 דיא אמתה מענשענליעבע. אזעהר שעהנער אונ אינטערעסאנטער ראמאן פון דאקטאר פהיליפזאן.

6 דיא צוריק געקומענע ליעבע אדער יאהאן און יעקב. אזעהר שעהנער אונ אינטערעסאנטער ראמאן פון ד"ר מענדעל.

3 דברי קרושים. פיעל וואונדערליכע מעשיות פון הייליגע גאונים און צדיקים.

2 של"ה הקדוש. פיעל וואונדערליכע מעשיות פון דעם הייליגען גאון של"ה הקדוש.

| | ק׳ | ר׳ |
|---|---|---|
| ר׳ יוסף דילה ריינה. דא ווערט ערצעהלט דיא גרויסע וואונדערליכע געשיכטע וויא ר׳ יוסף דילה ריינה האט געוואלט אראפבריינגען משיח׳ן. | 2 | |
| החיים. אוואנדערליכע ערצעהלונג פון געטליבען מאן ר׳ יהודה חיט זללה״ה. | 2 | |
| רפאל תם. אישעהנע וואונדערליכע ערצעהלונג פון הרב הגאון המפורסם ר׳ רפאל תם מהאמבורג ז״ל. | 2 | |
| מהרשאה. אוואונדערליכע ערצעהלונג פון הייליגען גאון מהרשאה און נאך פון גרויסע צדיקים און גאונים. | 2 | |
| מפענח נעלמים. אוואונדערליכע ערצעהלונג וויא א אידיש קינד איז געלעגען אין אַ גרוב ביי איין שרה פון קינדווייז אָן און וויא ער איז נאכדעם געווארען אַ גאון עולם. | 2 | |
| מקדש מלך אדער שבת קודש אין גן עדן. אוואונדערליכע מעשה וואס האט זיך געטראפען מיט הגאון הצדיק מקדש מלך. | 2 | |
| דיא רויטע יודילאך. פון יענער זייט סמבטיון. וואונדערליכע ערצעהלונגען וואס אלדד הדני האט ערצעהלט פון זייערע מנהגים און דיא מלחמות וואס זייא האבען געהאט מיט פיעל פעלקער. | 2 | |
| מכירת יוסף וגדולת יוסף. געשריבען אין ליעדער צו שפילען אויפ׳ן סצענע. | 5 | |
| גדולת משה ונשיקת משה. אין דעם דאזיגען ספר ווערט ערצעהלט די גדולה פון משה רבנו ע״ה. | 2 | |
| ר׳ הערשעלע עסטערפאלער. ערשטער טייל, זעהר שיינע וויטצען בעשריבען אלע זיינע חכמות און גלייכווערטליך. | 2 | |
| ר׳ הערשעלע עסטערפאלער. צווייטער טייל. | 2 | |
| ר׳ יוסף לאקש. זעהר הומאריסטישע ערצעהלונגען פון אלע זיינע חכמות. | 2 | |
| דער קלוגער סלעדאוואטעל. אזעהר אינטערעסאנטער ראמאן. | 2 | |
| ויברח יעקב. אזעהר אינטערעסאנטער ראמאן. | 2 | |
| דער קלוגער נאר. אזעהר אינטערעסאנטער ראמאן. | 2 | |
| דער ווייבער פרעסער אדער דיא בלאע בארד. איין אלטע דייטשישע געשיכטע פון איין עגיפטישען קויפמאן מיט זיין זאהן. | 2 | |
| קאראאימישע מעדכען. איין וואהרע וואונדערבארע שרעקליכע ערצעהלונג וואס עס איז פערלאפען צווישען איין קאראאימישעס מעדכען מיט איין כאן אדער אזיאטישען פירשט. | 2 | |
| בערדיטשעווער מעשה. אזעהר אינטערעסאנטע געשיכטע. | 2 | |
| דרייא בעטלער. אזעהר שעהנע אינטערעסאנטע געשיכטע. | 2 | |
| איין גראף מיט זיינע דריי זיהן. זעהר איין שעהנע געשיכטע. | 2 | |
| אטאטע פון יענער וועלט. אשעהנע וואהרע וואונדערליכע געשיכטע פון נ. מ. שייקעוויץ (שמר) | 3 | |
| דער נייער זינגער. צעהן שעהנע ליעדער פון בערימטען ארטיסט א. פישזאהן. | 2 | |
| וועלטליכע נייעס. בעשריבען אלע לעצטע נייעסטע ערפינדונגען אין אזעהר פאפולערע שפראך ערקלערט וויא אזויא זיי זיינען ערפונדען געווארן — דורך מ. י. לעווינטאן. | 8 | |
| פערפרווירען געווארען. בילדער פון לעבען, פון **י. ל. פרץ.** | 10 | |

**אויסער דיא אלע אויבענדערמאהנטע זארגאנישע ביכער פון מיין אייגענעם פערלאג, איז אין מיין בוכהאנדלונג דער גרעסטער לאגער פון יודישע ליטעראטור, קונסט, געשיכטע, וויסענשאפט אין לעהרע ביכער אין זארגאנישע און העברעאישע שפראכען היזיגע און אויסלאנדישע אויסגאבען, וועלכע עס זיינען נור ארויס ביז היינט.**

## פיר בוכהענדלער, ביבליאטעקען און שולען דער גרעסטער ראבאט.

מיין בוכהאנדלונג גיט דיא מעגליכקייט בוכהענדלער, ביבליאטעקען, פעראיינען און שולען וועלכע ווילען ביבליאטעקען גרינדען, אויך לעהרער וועלכע דארפען לעהרע ביכער, צו בעקומען אלעס אין איין ארט אונ צוא דיא ביליגסטע פרייזען.

**אדרעססע:**

Вильна, Книжн. магазинъ Исаака **Функа Нѣмецк. ул. д.** Немзера.